מענדל עלקין

# 1. מאָטל טרעמפּ

אַ קינדער־שפּיל אין איין אַקט און צוויי בילדער

# 2. אַ דין תורה מיטן ווינט

אַ שפּיל אין צוויי בילדער, לויט אַ תלמודישער אגדה
אין נוסח י. ל. פּרץ

די מוזיק איז רעדאַקטירט און צוגעגרייט צום דרוק פון
מיכל געלבאַרט

אַרויסגעגעבן דורכן
בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג
ניו־יאָרק, 1949

# 1. MOTL TRAMP

# 2. A DISPUTE WITH THE WIND
## A DIN-TOIRE MITN VINT

By

**MANDEL ELKIN**



Printed in the U. S. A. by
The Shoulson Press, New York
255

# מאָטל טרעמפּ

א קינדער־שפּיל אין איין אַקט און 2 בילדער

# מאָטל טרעמפּ

א קינדער־שפּיל אין איין אַקט און 2 בילדער



**באַטייליקן זיך:**

יאַנקעלע גאַלאַגאַן
יאָסל לעקעך
מאָטל טרעמפּ
אַן אַלטע ניאַניע
הינדעלע
רבקהלע
אסתרקע
קינדער

# ערשט בילד (פּראָלאָג)

(אַ גאָרטן לעבן אַ רייך הויז.ביימער, קוסטעס, בלומען. אין דער טיף פון גאָרטן —ביינקלעך, קראַקעט און קינדערשע שפּיל־מכשירים. אויף דער בינע — מאָטל טרעמפּ)

**יאָסל לעקער** (שפּרינגט אַרויס פון הינטער אַ בוים): אַט ביסטו און אַט בין איך. מע דאַרף דיך אַנהייבן גוט היטן. דו פאַרשטייסט שוין אַליין פאַרוואָס.

**מאָטל** (בייז): אַ רוח אין דיין טאַטן אַריין מיט יאַנקעלע גאַלאַגאַן צוזאַמען!

**יאָסל**: מאָטל, בעסער הייב זיך ניט אָן מיט מיר. און מיט יאַנקעלען זאָלסטו ניט מאַכן קיין הינטישע שטיק! ביסט אַ יאָלד, פאַרשטייסט? מיר זיינען ניט שולדיק, וואָס מיר ווילן עסן און טרינקען און ווילן האָבן אַן אָרט וואו צו שלאָפן. דאַרף מען דאָך דאָס ערגעץ נעמען. איז וואו? און די אַרבעט איז גאָרניט אַזאַ שווערע. פאַרוואָס זאָלסטו ניט ווען?

**מאָטל**: איך פיל, אַז עס איז ניט גוט, עס איז ניט ערלעך...

**יאָסל**: כאַ־כאַ־כאַ... דו ביסט דאָך ניט שולדיק. האָסט דען אַן אַנדער ברירה? ביסט אַ נודניק. (קליינע פּויזע) נו, ברודערל, שטעק אָפּ אַ העלפט. און טאַקע מיט גוטן. די לעצטע צייט ביסטו עפּעס געוואָרן צו קלוג. נו, שטעק אָפּ!

**מאָטל**: איר טיילט זיך מיט מיר ניט, טאָ פאַרוואָס זאָל איך זיך מיט אייך טיילן?

**יאָסל**: ע, ברודערל, פאַרשטייסטו דאָך טאַקע גאָרנישט! און דו רעדסט נאָך וועגן ערלעכקייט... אַ יאָ מיר האָבן דיך געלערנט? און אַכטונג געבן אויף דיר דאַרף מען? טאָ ווי מיינסטו — קומט אונדז אַ העלפט אָדער ניט?

**מאָטל** (פאַרוואונדערט און בייז): פאַר אויסלערנען גנבענען? פאַר היטן מיך?

(יאָסל גיט אַ פייף, רופנדיק עמיצן, כאַפּט מאָטלען און האַלט אים ער זאָל ניט אַנטלויפן. זיי הייבן זיך אָן ראַנגלען. עס קומט אַריין יאַנקעלע גאַלאַגאַן וואויל־יונגעריש, די הענט אין די קעשענעס. (שטאָלץ)

**יאַנקעלע:** וואָס איז, חברה לאַפּאַצאַנעס?

**יאָסל:** ווי געפעלט ער דיר, דער חברה מאַן, — ווידער מאַכט ער הינטישע שטיק.

**יאַנקעלע:** אַזוי גאָר?...

**יאָסל:** ער וויל זיך ווידער אַרויסדרייען, וויל זיך ניט טיילן מיט דער פּרנסה.

**יאַנקעלע:** נו, גוטער ברודער מאָטל, עס וועט זײַן שלעכט מיט דיר, זייער שלעכט. בעסער מיט גוטן. דו ווייסט דאָך, וואָס מיר טוען מיט אַזעלכע חברה לײַט. ווילסט ניט טאָן דײַן אַר־בעט — איז ניט. אָבער אויב דו טוסט עס — מוזטו זיך, ברודערל, טיילן.

**מאָטל:** איך וויל ניט.

**יאַנקעלע:** דו מוזט דאָך אונדז אָפּצאָלן! דו מיינסט, אַז מיר האָבן דיך אומזיסט געלערנט? אומזיסט צײַט פאַרלאָרן?

**מאָטל:** אין דרערד גייט אַלע!...

**יאַנקעלע** (וואוילויונגעריש מיט איראָניע): נו, ברודערל, בעט זיך איבער און ווער אַ גוטער יונג, מיר וועלן דיך דערפאַר פײַן באַהאַנדלען, פײַן און ערלעך, ווי עס פּאַסט פאַר אונדז...

**יאָסל:** וואָס טענהסטו מיט אים אַזוי פיל? אונדזער משפּט איז אַ קורצער. זעסט דאָך, ער וועט מיט גוטן גאָרנישט טאָן...

**יאַנקעלע:** אַ נו, יאָסל, גיב אים נאָר אַ לאָז אָפּ. נו, מאָטל, אַהער מיט די זאַכן. אַלע זאַכן. אין גאַנצן, וויפיל דו האָסט, גאָר אין גאַנצן, ניט אַ העלפּט. דו הערסט? דאָס וועט זײַן דײַן שטראָף.

(מאָטל שווייגט, רירט זיך ניט פון אָרט)

**יאַנקעלע:** איך האָב דאָך עפּעס געזאָגט! הערסט ניט? אַהער אַלע זאַכן! (שרײַט) נו, אַהער, זאָג איך דיר, אַהער! אַ נו, יאָסל, גיב אים אַ נעם פאַר די הענט!

(יאָסל כאַפּט מאָטלען פאַר די הענט)

**מאָטל** (שרײַט): אַוועק... אַוועק...

**יאָסל** (שרייַט): איך האָב אים. איך האָב אים. יאַנקעלע! אהער! אהער!

(יאַנקעלע פאַלט אויך אַרויף אויף מאָטלען און הייבט אָן שלעפּן ביי אים פון די קעשענעס זאַכן. מיט אַמאָל דערהערט זיך אַ שטים פון עמיצן, וואָס גייט פון הויז אין גאָרטן אַריין. יאָסל און יאַנקעלע אַנטלויפן. מאָטל שטייט אויף שנעל און רוקט זיך אָפּ אָן אַ זייט, אַ בייזער, און שטופּט די זאַכן צוריק אין די קעשענעס)

(פאָרהאַנג פאַלט — גייט באַלד אויף צוריק)

## צווייט בילד

(אויף דער בינע געפינען זיך: הינדעלע, רבקה און די ניאַניע. הינדעלע האַלט אין האַנט אַ ליאַלקע צום שפּילן זיך; רבקה איז פאַרטאָן אין אירע שפּילערייען אין הינטערגרונט. די ניאַניע קלייבט זיך אַוועקגיין)

**ניאַניע** (פאַרן אַוועקגיין): זע זשע, הינדעלע, זאָלסט זיך שפּילן שיין, שטיפט ניט, פאַרשמוצט זיך דאָ ניט און צעטרעט ניט די בלומען. לאָז קיינעם ניט אַרייַן אין הויז. טאַטע-מאַמע זייַנען ניטאָ, איך גיי אויך אַוועק, — זאָלסטו קיינעם ניט אַרייַנלאָזן. דו הערסט, הינדעלע?

**הינדעלע**: גוט, ניאַניעלע, גוט. גיי זיך. מיר וועלן זיך שפּילן גוט. מיר וועלן ניט שטיפן. גיי זיך, גיי.

**ניאַניע**: טאָמער וועסטו עפּעס וועלן, הינדעלע, וועסטו זיך נעמען. דער אַלמער איז אָפן. דאָרט איז פאַראַן צוקערלעך און פרוכט.

**הינדעלע**: גוט, ניאַניעלע, גוט. (זי קושט די ניאַניע) גיי זיך און ברענג מיר אַ גוטע זאַך. (ניאַניע אָפּ). רבקהלע, רבקהלע, מיר וועלן ניט שטיפן, מיר וועלן זיך שפּילן שיין. אַ יאָ? ווייסטו וואָס? — רוף אַרייַן אסתרקען און אַלע, אַלע קינדערלעך. איצט

איז קיינער ניטאָ, וועלן מיר זיך שפּילן פרײַ, מיר וועלן זײַן גרויסע. יאָ?

**רבקה:** גוט, הינדעלע, אָט רוף איך זיי אַרײַן. (אָפּ).

(הינדעלע עסקט זיך מיט דער ליאַלקע, לייגט זי שלאָפן, וויגט זי און יענע וויל ניט איינשלאָפן. זינגט זי איר אַ לידעלע און בייזערס זיך: „שלאָף, דו שלעכט מיידעלע, שלאָף, זאָג איך דיר“)

**רבקה** (קומט אַרײַן מיט די קינדער): אָט זײַנען זיי אַלע. אָט האָב איך זיי געבראַכט.

**אסתרקע:** איך האָב נישט געקאָנט אַוועקגיין. מײַן מאַמע איז קראַנק. איז רבקהלע צוגעשטאַנען איך זאָל נאָר גיין. האָט מיך די מאַמעלע געלאָזן גיין, אָבער איך זאָל זיך ניט לאַנג זאַמען.

**הינדעלע:** גוט, אסתרקע, מיר וועלן שפּילן ביז די ניאַניע וועט קומען. אָבער פאַרוואָס איז קראַנק דײַן מאַמע? עס טוט איר וויי דער קאָפּ?

**אסתרקע:** ניין, זי ליגט אין בעט. געווען היינט דער דאָקטאָר און געהייסן זי זאָל ליגן אין בעט. זי אַרבעט צופיל, זאָגט דער דאָקטאָר. מײַן טײַערע מאַמעלע, דאַרף נעבעך ליגן.

**רבקהלע:** נו, קינדער, וואָס שטייט איר? לאָמיר מאַכן עפּעס אַ שפּיל. הינדעלע, קום!

**הינדעלע:** איך דאַרף פריער פאַרוויגן מײַן ליאַלקע, זי וויל ניט אײַנשלאָפן. ווייסט איר וואָס? — איך וועל זי אַוועקלייגן דאָ אויפן גראָז. איך וועל איר זינגען אַ לידעלע, איר וועט מיר אונטערהעלפן, וועט זי גיך אײַנשלאָפן און דאַן וועלן מיר מאַכן אַ שפּיל. גוט?

**אַלע:** גוט, גוט, הינדעלע. טו אַזוי.

**הינדעלע:**

(לייגט אַוועק די ליאַלקע, דעקט זי צו מיט אַ טוך און זינגט)

שלאָף, מײַן ליאַלקע, גוטע, שיינע
אויף דעם גרינעם גראָז.
און ניט וועק זיך ווען אַ ווינטל
לײַכט וועט טאָן אַ בלאָז.

שלאָף, מײַן ליאַלקע, מײַן געטרײַע,
צאַרט איז דאָך דער ווינט.
און די בלומען וועלן ברענגען
דופטן דיר, מײַן קינד.

שלאָף זשע, ליאַלקע, באַיו,
שלאָף זשע איַין געשווינט.
זינגען וועל איך דיר אַ לידל,
העלפן וועט דער ווינט.

הייב איך זינגען אָן מיַין לידל,
קינדער העלפן צו.
שלאָף זשע גיכער, ליאַלקע שיינע,
ליו ליו ליו ליו ליו.

(געענדיקט דאָס ליד)

**הינדעלע**: זי שלאָפט שוין. איצט קאָנען מיר שוין מאַכן אַ שפּיל. לאָמיר שפּילן אין כאַפּעניש. איינע וועט לויפן פריער און אַנדערע וועלן זי נאָכיאָגן. ווער עס וועט די ערשטע כאַפּן, יענע וועט קריגן אַ פּריז.

**אַלע**: יאָ. יאָ, יאָ.

**רבקהלע**: און ווען וועט לויפן פריער?

**הינדעלע**: אסתרקע וועט לויפן. זי קאָן גוט לויפן. אסתרקע, דו ווילסט?

**אסתרקע**: איך וועל לויפן. אָבער ביַי אונדז דאָרט, אַז מע שפּילט אין כאַפּעניש, שטעלט מען זיך אויס אין שורות, מע זינגט אויס אַ מאַרש, דערנאָך מאַכט מען אַ קאַראַהאָד און מע הייבט זיך אָן יאָגן.

**הינדעלע** (שפּרינגט אונטער): גוט אַזוי, גוט. מיר וועלן אויך טאָן אַזוי. קומט זשע אַלע קינדערלעך אַהער. אָט אַזוי. נו, הייבט אָן.

איינס צוויי, איינס צוויי,
שטעלט זיך, קינדער, אין אַ ריי,
פלעכט די הענטלעך אין אַ ראָד,
רונד אַרום אין קאַראַהאָד.

און מיר גייען, איינס נאָך איינס,
יאָגן אום זיך, גרויס נאָך קליינס,
און מע כאַפּט זיך אינדערמיט
און דער קאַראַהאָד צעפליט.

לויפט אַ צווייטער שוין פאַראויס,
גאַס אַרײַן און גאַס אַרויס,
ווידער פאַרטיק איז דער ראָד
און מע טאַנצט אין קאַראַהאָד.

גיי זשע ערשטער גלײַך אַרויס,
לאָז זיך לויפן אין פאַראויס,
יאָגן וועלן מיר זיך גיך,
ביז מיר וועלן כאַפּן דיך.

איינס צוויי, איינס צוויי,
שטעלט זיך, קינדער, אין אַ ריי,
פלעכט די הענטלעך אין אַ ראָד,
רונד אַרום אין קאַראַהאָד.

(געענדיקט. מע לאָזט זיך שפּילן אין כאַפּעניש. אסתרקע לויפט פאַר־אויס, רבקה כאַפּט זי באַלד. די שפּיל ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ טאַנץ. צום סוף פון טאַנץ באַווייזט זיך געגנבעטערהייט מאָטל טרעמפּ. ער קוקט נאָך די טענצער און נעמט צו שטילערהייט דאָס טיכל מיט וועלכן הינדעלע האָט צוגעדעקט די ליאַלקע און באַהאַלט עס אין בוזיק. ווען מע ענדיקט דעם טאַנץ פּאַטשן די קינדער בראַוואָ. הינ־דעלע באַמערקט מאָטלען)

**הינדעלע:** זעט, זעט, קינדער, אָט איז עפּעס אַ יִינגל גע־קומען צו אונדז.

(זי גייט צו אים)

וועד ביסטו? ווי אַזוי ביסטו געקומען אַהער?

**מאָטל:** ניט דײַן עסק! געקומען... כ'האָב געוואָלט, בין איך געקומען... פון הימל אַראָפּגעפאַלן... געקומען זען ווי איר טאַנצט...

**הינדעלע** (קוקט אים אַרום): פאַרוואָס איז בײַ דיר צעריסן די קלײדער? ביסט געקראָכן איבערן פּאַרקן?

**מאָטל:** געקראָכן... ניט דײַן עסק! דײַנע קליידלעך ניט צעריסן, — איז דיר גוט. טפו...

(ער וויל אַוועקגיין. הינדעלע לאָזט אים ניט אָפּ)

**הינדעלע:** וואוהין גייסטו אוועק? זײַ דאָ. קום זיך שפּילן מיט אונדז.

**מאָטל:** איך האָב פֿײַנט שפּילן זיך. איך האָב קיין צײַט ניט.

(ער קוקט זיך כּסדר אום, זוכט עפּעס מיט די אויגן, טאַפּט זיך בײַ די קעשענעס. קערט זיך אום צוריק)

שפּילט זיך אײַך, וועל איך קוקן. איך קאָן ניט אײַערע שפּי־לערײַען.

**אסתרקע:** איך דאַרף שוין גיין אַהיים. מײַן מאַמע איז קראַנק. זי האָט מיך געלאָזן גיין נאָר אויף אַ ווײַלע, איך מוז שוין גיין צוריק.

**הינדעלע:** וואַרט, אסתרקע, דאָס ייִנגל וויל, מיר זאָלן אים ווײַזן ווי אַזוי מיר שפּילן זיך. לאָמיר אים ווײַזן אונדזער ליאַלקע שפּיל, דערנאָך וועסטו זיך גיין אַהיים.

**רבֿקה:** בלײַב, אסתרקע, בלײַב. זאָל דאָס ייִנגל האַלטן די ליאַלקע און אויך שפּילן מיט אונדז.

(צו מאָטלען)

ווי רופֿט מען דיך? ווי איז דײַן נאָמען?

**מאָטל:** איך האָב קיין נאָמען ניט... מע רופֿט מיך מאָטל טרעמפּ. די ייִנגלעך רופֿן מיך אַזוי.

**די קינדער** (לאַכן): טרעמפּ... טרעמפּ...

**הינדעלע:** טרעמפּ... אַ שיינער נאָמען טרעמפּ. קום, טרעמפּ, קום, וועסטו האַלטן די ליאַלקע און מיר וועלן מאַכן אַ ליאַלקע־שפּיל.

**מאָטל:** ביסט אַליין אַ טרעמפּ. איך וויל ניט שפּילן מיט אײַך. איך האָב קיין צײַט ניט.

**הינדעלע** (זי בעט אים): קום, ייִנגעלע, קום. עס וועט זײַן פֿריילעך, קום. די ניאַניע איז אַוועקגעגאַנגען, דער טאַטע מיט דער מאַמען זײַנען אין דער היים ניטאָ, מיר זײַנען אַליין און מיר קאָנען טאָן וואָס מיר ווילן. קום.

**מאָטל** (ער טראַכט אַ ווײַלע אָנגעשטרענגט און באַשליסט צו בלײַבן. ער גייט פֿאָרזיכטיק צו די קינדער, מיט פֿאַרדאַכט): נו, גוט, לאָמיר שפּילן.

**רבֿקה:** נו, אסתרקע, דו וועסט בלײַבן? קום הינדעלע, נעם די ליאַלקע און שטעל זיך אין מיטן, וועסטו שפּילן.

**הינדעלע:** ניין, טרעמפּ וועט שטיין אין מיטן מיט דער ליאַלקע.

(זי גייט נעמען די ליאַלקע און כאַפּט זיך, אַז די ליאַלקע איז אָפּ־גערעדקט)

די ליאַלקע ליגט אָפּגעדעקט... וואו איז מײַן טיכל?

**מאָטל** (אין פאַרלעגנהייט, דערשראָקן): אַוועקגעגאַנגען דאָס טיכל... איך האָב אַליין געזען ווי אַ טיכל איז אַוועקגעגאַנגען פון דאַנען... איך האָב אַליין געזען.

**הינדעלע**: ווי אַזוי קאָן אַ טיכל גיין?

**מאָטל** (מיט כעס): אָט אַזוי, גענומען און אַוועקגעגאַנגען. וואָס ווייסטו ניט, וואָס? איך האָב אַליין געזען, ווי איך בין אַ ייִד...

(די קינדער וואונדערן זיך. געלעכטער)

**רבקה**: קומט זשע, קינדער, לאָמיר שפּילן.

(הינדעלע גיט מאָטלען די ליאַלקע, ער נעמט עס ניט־ווילנדיק, זיי שטעלן אים אַוועק אין מיטן און עס הויבט זיך אָן די שפּיל: הינדעלע כאַפּט אַרויס די ליאַלקע ביי מאָטלען, רבקה ביי הינדעלען און אַז. וו. אין דער צייט זינגען זיי:)

זאָג זשע, ליאַלקע, זאָג זשע מיר,
ווער זאָל טאַנצן איצט מיר דיר:
איך צי זי, צי זי צי ער,
זאָג זשע, גיכער, קום אהער.

ווילסט ניט גיין — אָט כאַפּ איך דיך
און מיר גייען טאַנצן גיך,
און מיר טאַנצן ליאַלקע־טאַנץ,
שפּרינגען ליאַלקעס אין אַ קראַנץ.

לאָמיר טאַנצן — האָפּ, האָפּ, האָפּ,
יאָגן ליאַלקעס אין גאַלאָפּ,
שפּרינגען ליאַלקעס ווי די ציגן,
לאַכן קינדער אין די וויגן.

טאַנץ זשע, ליאַלקע, טאַנץ זשע פֿײַן,
קום מיט אונדז אין ראָד אַרײַן,

און פארפלאָנטער אונדז אין טאַנץ
אין אַ ליכטן ליאַלקע־קראַנץ.

טאַנצן אַלע — האָפּ, האָפּ, האָפּ,
יאָגן מיר זיך אין גאַלאָפּ,
שפּרינגען אַלע ווי די ציגן,
לאַכן קינדער אין די וויגן.

(טאַנץ געענדיקט. פּאַטשעריי, בראַוואָ)

**מאָטל:** מיר געפעלט ניט דער טאַנץ אײַערער. פע. מיר טאַנצן שענערע טענץ. איר ווילט — וועל איך אײַך ווײַזן. בײַ אונדז איז דאָ אַ מיידעלע, טאַנצט זי, איז טאַקע פאַראַן וואָס צו זען. בײַ אײַך אין די רײַכע הײַזער און פאַרפּוצטע גערטנער לעבט מען ווי די ליאַלקעס און מע טאַנצט ווי די ליאַלקעס. בײַ אונדז איז לעבעדיק. דעם טאַנץ, וואָס מע טאַנצט בײַ אונדז האָט מען אויך אַ נאָמען געגעבן ווי מיר. ער רופט זיך „דער טאַנץ פון די טרעמפּס.” איר ווילט — וועל איך אײַך ווײַזן.

**אסתרקע:** איך האָב קיין צײַט ניט. איך דאַרף לויפן צו דער מאַמען.

**הינדעלע:** וואַרט, אסתרקע, וואַרט, זאָל ער ווײַזן זײַן טאַנץ.

**אַלע:** זאָל ער ווײַזן!... זאָל ער ווײַזן!...

**מאָטל:** דאָס דאַרף מען אָבער אין צווייען. (צו הינדלען) קום, וועלן מיר עס טאַנצן ביידע.

(טאַנצן אַ מין אַפּאַשן־טאַנץ. קינדער גאַפן. פּאַטשן בראַוואָ)

**אסתרקע** (נאָכן טאַנץ): איצטער מוז איך שוין גיין. מאַמעלע וואַרט אויף מיר. זי איז קראַנק, מײַן מאַמע.

**אַלע:** מיר וועלן דיך באַגלײַטן, אסתרקע. קום.

**רבקה:** איך וועל אויך גיין מיט אײַך און שפּעטער וועלן מיר אַלע קומען צוריק.

**הינדעלע:** נו, גוט. נאָר זאַמט זיך נישט.

(קינדער אָפּ)

**הינדעלע** (צו מאַטלען): דערפאַר וואָס דו האָסט געטאַנצט מיט אונדז, וועל איך דיר ברענגען צוקערלעך.

**מאָטל:** איך דאַרף ניט קיין צוקערלעך, איך וויל ניט.

**הינדעלע:** איך וועל ברענגען. וואַרט, אסתרקע, איך וועל דיך באַגלייטן.

(זי לויפט אַוועק. מאָטל גנבעט זיך אַריין אין הויז און גייט באַלד אַרויס שטופּנדיק אין קעשענע אַ לעפל, אַ גאָפּל א.אַ.)

**מאָטל:** קיינער ניטאָ. איך האָב מורא די מיידעלע זאָל ניט מאַכן קיין טומל, זי קאָן מיך פאַרשיטן. איך וואָלט געקאָנט אַ סך זאַכן צונעמען. אַ רוח זיי אין די זײַטן אַרײַן! אַ פולע הויז מיט גוטע זאַכן.

**הינדעלע** (קומט אַרויס און זעט ווי מאָטל עסקט זיך מיט די חפצים): וואָס טוסטו דאָס, טרעמפּ?

**מאָטל** (דערשראָקן): גאָרנישט... איך דאַרף קויפן ברויט. איך מעג... איך מעג... מײַן טאַטע איז אויך קראַנק...

**הינדעלע:** וואָס רעדטסטו, איך פאַרשטײ ניט.

(קוקט אים אָן מיט רחמנות)

נאַ דיר צוקערלעך, גוטע. די ניאַניע האָט געלאָזן אָפן דעם אַלמער...

**מאָטל:** אָפן דעם אַלמער?... וואָסער אַלמער?...

(לאָזט זיך אינסטינקטיוו גיין צום אַלמער)

**הינדעלע:** וואוהין לויפסטו? וואו ווילסטו גיין?

**מאָטל** (פאַרלאָרן): ערגעץ ניט... איך גײ ניט...

(קוקט זיך אום, פלוצלונג)

איך וויל עסן. איך בין הונגעריק. פון נעכטן אָן גאָרנישט גע-געסן. נעכטן אַ גאַנצן טאָג גאָרנישט געמאַכט...

**הינדעלע:** די מאַמע האָט דיר גאָרניט געגעבן עסן?... פאַרוואָס?

**מאָטל** (קרימט זי איבער): פאַרוואָס... פאַר דאָס! די מאַמע האָט אויך גאָרנישט געגעסן אַ רוח זיי אין די זײַטן אַרײַן... לויפן אין אויטאָמאָבילן און מיר זײַנען הונגעריק. איך וועל זיי... אַלץ וועל איך בײַ זיי אַרויסשלעפּן פון די הײַזער.

**הינדעלע:** האָסט גאָרנישט געגעסן? וואַרט, אָט שוין ברענג איך דיר עסן. די ניאַניע האָט געלאָזן אָפן דעם אַלמער. איך וועל דיר ברענגען עסן.

(אָפּ)

מאָטל (נעמט די ליאַלקע): ליאַלקעס דאַרפן זיי מיט זײַדענע קליידעלעך, אַ רוח זיי אין די זײַטן אַרײַן! און איך האָב קיין הויזן ניט.

(וויל שטופּן די ליאַלקע אין קעשענע, קריכט עס ניט, שליידערט ער עס אָן דער ערד)

אַ גוט מײדל די הינדעלע. זי רעדט אַזוי גוט. אַ רחמנות אויף איר, וואָס זי לעבט נעבעך אין אַזאַ רײַך הויז. אין די רײַכע הײַזער זײַנען אָפּט שלעכטע מענטשן. יאָסל לעקעך האָט מיר געזאָגט און גאַלאַגאַן אויך...

הינדעלע (ברענגט עסן): אָט האָב איך געבראַכט עסן. נאַ, עס אויף דער גיך, וואָרים באַלד וועט קומען די ניאַניע. זי האָט מיך אָנגעזאָגט איך זאָל קײנעם ניט אַרײַנלאָזן.

(מאָטל כאַפּט זיך צו צום עסן, שטופּט אין ביידע באַקן. הינדעלע קוקט אים אין מויל אַריין)

דו גײסט אין סקול? וואו איז דײַן היים? דו וואוינסט ווײַט פון דאַנען?

(פּויזע)

פאַרוואָס שווײַגסטו?...

מאָטל (מיט אַ פּול מויל): איך האָב נישט קיין היים... סקול... אין דער ערד אַרײַן...

הינדעלע: פאַרוואָס ביסטו ברוגז?

(מאָטל שווייגט. עסט אָפּ און לאָזט זיך גיין. הינדל קוקט אים נאָך פאַרלאָרן. מיט אַמאָל קערט ער זיך אום, שלעפּט פון די קעשענעס וואָס ער האָט געגנבעט און גיט עס הינדעלען אָפּ פאַרשעמט)

מאָטל: נאַ דיר אָפּ, נאַ... איך דאַרף עס ניט. איך בין שוין זאַט. פאַר דער מאַמען וועל איך זוכן אַנדערשוואו. דו ביסט אַ גוט מיידעלע.

הינדעלע: פון וואַנען האָסטו דאָס? וואו האָסטו דאָס גענומען? אַי, זע, אָט איז דאָך דער ליאַלקעס טיכל!... פאַר־וואָס האָסטו עס צוגענומען? און די לעפל אויך אונדזערע... די ניאַניע וועט זיך בײזערן... זאָג, טרעמפּ, פאַרוואָס האָסטו דאָס געטאָן?

**מאָטל** (פאַרשעמט): דיר וועל איך דערציילן. דו ביסט אַ וואויל מיידעלע. קיין טאַטן האָב איך ניט, מײַן מאַמע איז אַ קראַנקע און איך האָב נאָך אַ קליין ברודערל, האָבן מיר ניט וואָס צו עסן און וואָס צו אָנטאָן אויפֿן לײַב. האָבן מיך יאַנקל גאַלאַגאַן און יאָסל לעקעך אײַנגערעדט איך זאָל גיין מיט זיי אַרבעטן, וועל איך פֿאַרדינען אויף ברויט פֿאַר מײַן מאַמען. בין איך געגאַנגען. האָבן זיי מיך אויסגעלערנט שלעפּן פֿון די קע־שענעס וואו מע קען נאָר און גנבענען פֿון די הײַזער. פֿאַרדין איך פֿאַר מײַן מאַמען און פֿאַרן ברודערל אויף ברויט. עס איז מיר שווער צו אַרבעטן אַזוי. אַ גאַנצן ווינטער האָבן מיר קיין קוילן ניט געהאַט, געפֿראָרן אין קעלער. די מאַמע קאָן נישט אומגיין. מע שלאָגט מיך אָפּט. זעסט די האַנט? — אַ פּאָליסמאַן ט׳געגעבן אַ קלאַפּ. און יאַנקעלע גאַלאַגאַן, אַ רוח אין זײַנע זײַטן אַרײַן, נעמט אָפּ בײַ מיר העלפֿט פֿון דעם וואָס איך פֿאַרדין. וואָס זאָל איך טאָן...

(ער וויינט)

איך דאַרף ברענגען ברויט דער מאַמען... אָבער איצטער שעם איך זיך... דו ביסט אַזאַ גוטע. נאַ דיר אָפּ דײַנע זאַכן. איך דאַרף זי׳ נײט...

**הינדעלע** (זעצט אים אַוועק): גיי ניט מער צו דײַן לעקעך, ער איז אַ שלעכטער. איך וועל זאָגן מײַן פּאַפּאַ ער זאָל דיר געבן געלט, וועסטו קויפֿן ברויט און אַנדערע זאַכן פֿאַר דײַן מאַמע און פֿאַרן ברודערל. יאָ? גוט?...

**מאָטל**: איך וויל נישט קיין געלט. איך וויל אַרבעטן און פֿאַרדינען פֿאַר מײַן מאַמען און פֿאַר זיך. זאָל דײַן טאַטע מיר געבן אַרבעט, וועל איך זיך ניט דאַרפֿן אומשלעפּן מיט יאַנקעלע גאַלאַגאַן איבער די גאַסן און שלעפּן פֿון די קעשענעס. איך וואָלט עס ניט טאָן, ווען ניט מײַן קראַנקע מאַמע. איך וויל גאָר גיין אין סקול. איך וויל לייענען ביכלעך און איך קאָן ניט. מײַן קליין ברודערל וויל אויך גיין אין סקול.

**הינדעלע**: ווייסטו וואָס? — בלײַב בײַ אונדז. פּאַפּאַ וועט דיך צונעמען. דו וועסט זײַן מיט אונדז, וועסט גיין אין סקול, דײַן מאַמע וועסטו אויך ברענגען אַהער.

**מאָטל**: מאַמע וועט ניט וועלן... ניין, גיב מיר בעסער אַרבעט און לעבן וועל איך מיט מײַן מאַמע און מיט מײַן ברו־דערל. זאָל נאָר זײַן אַרבעט, וועט שוין זײַן גוט. מע וועט שוין

ניט דארפן שלעפן פון די קעשענעס. אָבער... איך וועל עס סײַ ווי מער ניט טאָן...

**ניאַניע** (קומט אַרײַן): מיט וועמען ביסטו דאָ, הינדעלע? ווער איז דאָס ייִנגל? ווי קומט ער אַהער? ווער האָט דאָ געגעסן?

(מאָטל וויל אַנטלויפן. הינדעלע פאַרהאַלט אים)

**הינדעלע**: גיי ניט, טרעמפּ, וואַרט. דאָס איז אַ גוט ייִנגעלע, ניאַניע. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער איז הונגעריק, האָב איך אים געגעבן עסן. און דער פּאַפּאַ וועט אים געבן אַרבעט, וועט ער מער ניט צונעמען קיין לעפל...

**ניאַניע**: ווײ איז מיר, ער איז אַ גנב?! וואָס האָט ער צוגענומען?

**מאָטל**: ביסט אַליין אַ גנבטע... איך אַרבעט. יאָסל לעקעך זאָגט, אַז מע גיט אונדז ניט קיין אַנדער אַרבעט, איז דאָס אונדזער אַרבעט... אָבער איך וועל עס סײַ ווי סײַ מער ניט טאָן...

**רבֿקה** (קומט אַרײַן מיט די קינדער): אָט זײַנען מיר ווי־דער דאָ. אַמתרקע נאָר געבליבן אין דער היים מיט דער מאַמען.

**הינדעלע**: גוט וואָס איר זײַט געקומען, קינדער. טרעמפּ וועט איצט אויך שפּילן מיט אונדז. ער איז אַ גוטער ייִנגל, ער אַרבעט פֿאַר זײַן מאַמען. קומט, קינדער, לאָמיר אַרײַננעמען טרעמפּן צו אונדז און מיר וועלן אים ווײַזן ווי מיר טאַנצן אונדזער קאַראַהאָד. יאָ, ניאַניע, איך מעג?

**ניאַניע**: אַ געזונט צו דײַן קעפּעלע, מײַן קינד. טאַנצט נאָר אויף גיך, וואָרים באַלד וועלן קומען טאַטע־מאַמע צום עסן.

**הינדעלע**: נו, גוט. גיכער קינדער. מאָטל וועט מיט אונדז אויך עסן. קומט.

(די קינדער שטעלן זיך אויס אין אַ רעדל. מאָטלען שטעלט מען אַוועק אין מיטן ראָד. זיי זינגען און טאַנצן)

אײנס — צוויי, אײנס — צוויי,
שטעלט זיך, קינדער, אין אַ ריי.
פלעכט די הענטלעך אין אַ ראָד
רונד אַרום אין קאַראַהאָד.

קום זשע, מאָטל, קום, קום, קום,
דריי זיך אין דעם ראָד אַרום;
נעמט אים, קינדערלעך, אַרײַן,
אַ גוטער ייִנגל וועט ער זײַן.

גיין וועט ער מיט אונדז פוס־טריט
בײַ די זײַטן, אין דער מיט,
וועט ער נאָר אַ טופּע טאָן,
הייבן מיר פון אָנהייב אָן.

גיי זשע, ערשטער, גלײַך אַרויס,
לאָז זיך לויפן אין פאָראויס.
יאָגן וועלן מיר זיך גיך,
ביז מיר וועלן כאַפּן דיך.

איינס — צוויי, איינס — צוויי,
שטעלט זיך, קינדער, אין אַ ריי,
פלעכט די הענטלעך אין אַ ראָד,
רונד אַרום אין קאַראַהאָד...

(פאָרהאַנג פאַלט)


eins noch eins
yo - gn um zich


grois noch kleins
un men


chapt zich
in der - mit


un der ka - ma -
hod. tze - flit.

Andantino

1. Shlof main lialke gite-dem shei-ne

oif dem gri-nem groz

un nit vek zich ven a vin-te

laich vet tlon a bloz

# אַ דין תורה מיטן ווינט

אַ שפּיל אין צוויי בילדער,

לויט אַ תלמודישער אגדה

און נוסח י. ל. פּרץ

# אַ דין תורה מיטן ווינט

## אַ שפּיל אין צוויי בילדער,



**באַטייליקן זיך:**

שונמית
תמר } אירע קינדער
יסכה
ערשטע פרוי
צווייטע פרוי
נגיד
דינער
נשרף
נגזל
ווינט-מיידלעך
ערשטער ישמעאל
צווייטער ישמעאל
דריטער ישמעאל
קיניג שלמה
ערשטער זקן
צווייטער זקן
ערשטער דינער
צווייטער דינער
לץ
טענצער, זינגער

# ערשט בילד

(ביים ברעג ים. ווינט. סומנע. צוויי פרויען וויקלען זיך אין אַלטע בגדים קוקן צום ים אַרויס)

**ערשטע פרוי:** אַ חשך האָט זיך אויף דער וועלט אַראָפּגעלאָזן און דעם ים אויך אין פינצטערניש פאַרהילט. קיין לעבעדיק באַשעפעניש באַווייַזט זיך גיט. די מעוון — ווי פאַרשוואונדן.

**צווייטע פרוי:** און די הימלען שרעקן מיט די שווערע בלייענע וואָלקנס, מיט די בייזע דונערן און פייַערדיקע בליצן. ווי אַ פייַערדיקער מעסער שנייַדט דער בליץ... שוין וואָכן לאַנג ווי דער שטורעם הערט גיט אויף.

**ערשטע פרוי:** פון אונדזערע איז שוין אפשר קיין איין לעבעדיקער ניט געבליבן. אַלע שיפן אומגעקומען... מיר וועלן דאָ פון הונגער אויסגיין.

**צווייטע פרוי:** דאָס לעצטע שטיקל ברויט גייט אויס. וואָס וועט זייַן מיט די קליינע קינדער?

**ערשטע פרוי:** גאָטס שטראָף האָט זיך אויסגעגאָסן אויף אונדז. וואָס וועט זייַן? וואָס וועט זייַן?

**צווייטע פרוי:** אַ גליק נאָך, וואָס דער ווינט פאַריאָגט צוביסלעך דעם רעגן... עס וואָלט אונדזערע הייַזלעך און בייַדלעך פאַרשווענקט און פאַרטרונקען אין אַזאַ שטורעם.

**ערשטע פרוי:** דו ווייסט, די אַלמנה שונמית האָט שוין באַלד אַ וואָך קיין שטיקל ברויט פאַר די קינדער ניט געהאַט. זי גייט אַרום ווי אַ צעמישטע איבערן ברעג ים און רעדט צו זיך אַליין און וויינט און יאָמערט. דער הונגער וועט זי אומברענגען.

**צווייטע פרוי:** באַלד וועלן מיר אויך ניט האָבן קיין ביסן ברויט פאַר די קינדער. עס גייט אויס שפּייַז בייַ אַלעמען. אין די נעכט איז אין די הייַזער אַ פינצטערניש, קיין שטיקל ליכט נישטאָ צום אָנצינדן.

(עס דערהערט זיך שונמית'עס שטים: „קינדערלעך... ברויט אַ שטיקל... וואו זייט איר, קינדערלעך מײַנע, הונגעריקע?")

הערסט? שונמית! זי גייט אַהער. אַט אַזוי בלאָנקעט זי אַרום גאַנצע טעג. אַ צער צו קוקן אויף איר. אָבער וואָס קאָנען מיר איר העלפן? מיר זײַנען אַליין האַלב הונגעריק. קום, לאָמיר גיין פון דאַנען. איך קאָן ניט צוזען דעם צער פון שונמית.

(אָפּ. ווינט)

**שונמית** (קומט אַרײַן): ניטאָ. ניטאָ. קיינער ניטאָ. תמרל זיצט אַ פאַרחלשטע. און יסכהלע אויך. וואָס זאָל טאָן אײַער שוואַכע מאַמע, אַז אַ שטראָף איז פון הימל אַראָפּגעשיקט אויף אונדז... גאָט שטראָפט אונדז פאַר אונדזערע זינד.

(קוקט זיך אַרום)

קײַן לעבעדיק באַשעפעניש זעט מען ניט. ניטאָ אַפילו בײַ וועמען צו בעטלען... ניטאָ בײַ וועמען ברויט אַ שטיקל בעטן. אומעטום פעלט. אומעטום פוסט.

(גייט אַוועק רעדנדיק. ווינט. ס'קומען אַריין יסכה און תמר)

**יסכה**: דער ים איז בייז, וויל זיך גאָר ניט אײַנשטילן. דער שטורעם ווערט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער.

**תמר**: זאָג מיר, יסכה, איז טאַקע אמת, אַז דער ים שלינגט אײַן שיפן און פאַרטרינקט שטעט גאַנצע?

**יסכה**: די מאַמע זאָגט, אַז ווען די כוואַליעס צעהוידען זיך און דער שוים זילבערט ווי ווײַסע פערל; ווען דער ים צע־שרײַט זיך אויף די בײזע, שוואַרצע וואָלקנס און יאָגט זיך נאָך זײ, אַזש צום הימל אַרויף, — דאַן פאַרשלינגט ער שיפן און פאַר־טרינקט אַפילו שטעט. אין אַזאַ צײַט, זאָגט די מאַמע, האָט עס דעם טאַטנס פישער־שיפל אויך פאַרשלונגען. עס איז שרעק־לעך אין אַ שטורעם לעבן ים.

(ווינט צעשרייט זיך)

הערסט ווי דער ווינט פײַפט? ווי דער שטורעם יאָגט די כוואַ־ליעס?

**תמר:** און די פישער-שיפלעך — ווי די שפענדלעך וואַרפט עס אין דעם שטורעם. אַ קעלט אַזאַ. אַך, איך ציטער. און עס טריקנט מיר אין מויל. איך קאָן ניט לײַדן מער דעם הונגער שוין.

**יסכה:** די מאַמע אויך, קוים זי שלעפּט די פיס.

(עס דערהערן זיך שטימען. עס קומט אַן דער גביר און דינער)

**יסכה** (דערשראָקן): ווער זײַט איר?

(שרייט)

מאַמע! מאַמע!

**גביר:** וואָס שרעקסטו זיך, מײַן קינד? שרײַ ניט. מיר זײַנען דורכפאָרער. שכנים זײַנען מיר אײַערע. מיר וואוינען ניט ווײַט פון אײַך. פאָרן מיר פון אַ ווײַטן וועג. אַהיים פאָרן מיר און האָבן זיך אָפּגעשטעלט די קעמלען און אייזלען טרינקען געבן. שרעק זיך ניט.

**יסכה:** אין אַזאַ צײַט פאָרן? אין אַזאַ שטורעם?

(אין דער צייט שרייט תמר: „מאַמע! מאַמע!" שונמית קומט אַן אַ צעשראָקענע אויף די קולות. דערזעט דעם גביר, פאַרלאָרן, בוקט זיך)

**גביר:** וואָס בוקסטו זיך פאַר מיר, אישה. שטײַ אויף און זאָג ווער דו ביסט און וואָס איז דײַן פאַרלאַנג.

**שונמית:** איך בין אַן אלמנה, אַן אָרעמע, מיטן נאָמען שונמית, פון דעם פישער-דאָרף. שפּײַז איך זיך פון שטריקן און פאַריכטן די נעצן פאַר די פישער. איז אָנגעקומען די צײַט פון שטורעם ווינטן, קיין שיפל גייט נישט אין ים אַרײַן, די פישער פון ים האָבן זיך ניט צוריקגעקערט, קיין נעץ ווערט ניט פאַרשפּרייט, בין איך געבליבן אָן אַ שטיקל ברויט. איך בעט אַ לעבל ברויט די נשמה צו דערהאַלטן בײַ מײַנע קינדער.

**גביר:** הער, אישה! אַט שטײען מײַנע קעמלען און אייזלען ניט קיין אויסגעשפּאַנטע. פון ירושלים קום איך. איך בין בײַ שלמה המלך אין פּאַלאַץ געווען. אין אַ גאָלדענער קרוין איז ער אויף זײַן גאָלדענער שטול געזעסן, אַרומגערינגלט מיט זקנים און פאָלק, און ער האָט פאַר זיי תורה און חכמה געזאָגט. און הער, וואָס ער האָט געזאָגט: ווער עס וויל לעבן — נעמט קיין מתנות ניט. ווער עס נעמט אומזיסט, פאַרקירצט זיך זײַנע יאָרן וואָס גאָט האָט אים באַשערט. דו ווילסט זינדיקן, אישה, און איך וויל ניט זײַן קיין שותף צו דײַנע זינד. אומזיסט גיב איך נישט.

**שונמית:** אויב אַזוי, טאָ גיב ניט אומזיסט. באָרג מיר אַ לעבל ברויט אָדער אַ ביסל מעל, וועל איך מיר אַ ברויט באַקן די קינדער דערנערן און בעטן גאָט פאַר דײַן לעבן.

**גביר:** דאָס אויך ניט, אישה. ווער עס לײַט, קויפט זיך אַ קנעכט. און קײַן קנעכט קויף איך ניט, בפרט אַן אַלמנה. איך באַרג דיר ניט, איך לײַ דיר ניט.

**שונמית:** זאָל איך פאַלן פון הונגער פאַר דײַנע פיס? דאָס וועט בעסער גאָט געפעלן?

**גביר:** דו ווייסט, שונמית, פאַר מײַנע פיס פון הונגער ניט פאַלן. העלפן וויל איך דיר, נאָר העלפן וועל איך מיט אַן עצה. גיי און זײַ זוכה פון הפקר.

**שונמית:** וואָס מיינט איר דערמיט? הפקר איז אין מדבר, צום מדבר איז דרײַ טעג. און וואָס געפינט מען דאָרט? — גרעזלעך צעטריקנטע? טרײַבט איר שפּאַס פון אַן אָרעמער אַלמנה?

**גביר:** איך שפּאַס ניט, אישה. ניט צום מדבר נאָך גראָזן שיק איך דיך. הער וואָס איך מײַן: מײַנע ווענגענער זײַנען איצט ליידיק. די הונדערט זעק מיט ווײַסן ווייצן־מעל פון מײַן קאַמער האָב איך קײַן ירושלים אָפּגעפירט. די ברעטער, וואָס האָבן זיך אונטער די זעק געפונען זײַנען פרײַ, אָבער ווײַס, באַדעקט מיט מעל־שטויב. דער שטויב איז ניט מײַן, ער איז הפקר. גיי צו מײַנע ווענגענער, זאַמל אויף די שטויב פון די ברעטער, באַק דיר ברויט אָפּ און עס אַליין און דערקוויק דײַנע קינדער און לויב גאָט.

(שונמית פאַרנויגט זיך. אָפּ צו די ווענגענער)

**שונמית:** נו, קינדער, אָט וועט איר באַלד האָבן ברויט, וועט איר זיך זאַט אָנעסן און ווען די נאַכט וועט צופאַלן וועט איר רואיק שלאָפן.

**תמר:** די מאַמע שלאָפט ניט גאַנצע נעכט. מיר אויך ניט. עס הונגערט שטאַרק און דער ווינט יאָגט אָן אַ פּחד אין דער נאַכט.

(צוויי פרויען באַווייזן זיך)

**ערשטע פרוי:** עפּעס אַ פרעמד געשטאַלט האָט זיך באַוויזן. ווער איז ער, דער מענטש? פון וואַנען קומט ער אין אַזאַ שרעקלעכן געוויטער? דאָס איז ניט קיין פישער. זײַנע קליידער זען אַנדערש אויס.

**צווייטע פרוי:** פון וואַנען קומט איר, מענטש, און וואָסערע בשורות האָט איר אונדז געבראַכט? זע, יסכה און תמר זײַנען אויך דאָ... און וואו איז די מאַמע?

(שונמית שטים: „אַ, קינדערלעך, באַלד וועט זיין ברויט")

דו הערסט שונמיתעס שטים! קום פון דאַנען.

(אָפּ)

**שונמית** (קומט אַרײַן): אַ דאַנק אײַך, ליבער מענטש. איך וועל די קינדערלעך דערקוויקן און בעטן פֿאַר אײַער לעבן.

**גביר**: מיר קומט קײַן דאַנק ניט, אישה, דאָס איז ניט מײַנס, דאָס איז הפקר, דאָס געהערט צו דעם, ווער עס דאַרף עס. זײַט אײַך געזונט. עסט און לויבט גאָט, און בעט דער שטורעם זאָל וואָס גיכער זיך בארואיקן.

**שונמית**: פֿאָרט לשלום, גוטער מענטש.

(גביר אָפּ)

נו, קינדערלעך, באַלד וועל איך האָבן ברויט פֿאַר אונדז אַלע־מען. איך וועל גײַן שפּענדלעך אָנקלײַבן, אַ פֿײַער מאַכן און ברויט באַקן.

(אָפּ)

**יסכה** (טוליעט זיך צו תמרן): אָט וועט עס גוט זײַן. באַלד וועלן מיר עסן צו זאַט און בײַנאַכט וועלן מיר שטאַרק שלאָפֿן.

(דער ווינט הויבט אָן שטאַרק בלאָזן און עס לאָזן זיך הערן שטימען פֿון געזאַנג פֿון דעם ווינט אַרויס)

הער, תמר, דוכט זיך עס מיר, אַז עמיץ זינגט, אָדער זינגט עס ווער? דו הערסט?

**תמר**: יאָ, עמיץ זינגט טאַקע.

(הערן זיך צו)

דאָס זינגט דער ווינט. די ווינט־פֿײַעס מאַכן זיך לוסטיק, זינגען זיי.

(עס ווערט טונקל. דער ווינט צעשרייט זיך. דונערן. בליצן. עס רייסן זיך אַריין אַ גרופּע ווינט־מיידלעך מיט געזאַנג)

נומ. 1

הו הו הו, הו, הו הו הו הו!
ווינט גייט אָן זײַן גאַנג.
הו הו הו, הו, הו הו הו הו!
דאָס איז ווינטס געזאַנג.

ווינטן זײַנען די באַהערשער
פֿון דער גאַנצער וועלט.
מזרח, מערב, צפֿון, דרום,
פֿאַלאַץ און געצעלט.

בין-השמשות אין די בלעטער,
סודען זיי פאַרטראַכט,
און זיי פּיַיפן אין די קוימענס
אין אַ האַרבסטיק נאַכט.

הו הו הו, הו, הו הו הו הו!
ווינט גייט אָן זיַין גאַנג.
הו הו הו, הו, הו הו הו הו!
דאָס איז ווינטס געזאַנג.

און זיי בלאָזן אָן דעם זעגל
אויף דעם פישערס שיף
און זיַי פּערלען אויף די כוואַליעס
פון די ימען טיף.

און זיי טראָגן און זיי יאָגן
איבער וואַלד און פעלד
און זיי טוען וואָס זיי ווילן
מיט דער גאָרער וועלט.

שטעט און וועלטן ווערן חרוב
אויפן ווינטס פאַרלאַנג...
הו הו הו, הו, הו הו הו הו!
דאָס איז ווינטס געזאַנג...

(ביי די לעצטע ווערטער פאַרשווינדן זיי)

**יסכה:** דו האָסט געזען, תמר? וואָס איז עס? אַ חלום?

**תמר:** איך ווייס ניט, יסכה, איך האָב מורא. וואו איז די מאַמע?

(זי שרייט)

מאַמע! מאַמע!

**שונמית:** וואָס איז, קינדער, וואָס שרייט איר? וואָס זיַיט איר אַזוי דערשראָקן?

**תמר:** מאַמע, די ווינט-מיידלעך האָבן דאָ געזונגען. דאָס איז אַזוי שרעקלעך...

**שונמית:** טפו, טפו, צו אונדזערע שונאים קעפּ. שרעקט זיך ניט. דאָס האָט זיך אייַך אויסגעדאַכט. אָט האָב איך שוין פאַר-

טיק ברויטלעך, קינדער. איצט וועלן מיר שטילן דעם הונגער. מע דאַרף אָבער שפּאָרן, ניט אויפעסן פאַר איין מאָל. ווער ווייסט ווען דער שטורעם וועט זיך אײַנשטילן, ווען די פישער שיפלעך וועלן זיך צוריק באַווײַזן. ווילט איר, קינדער, דאָ, בײַם ברעג, די סעודה פּראַווען, אָדער ווילט איר גיין אין בײַדל?

**יסכה:** לאָמיר בעסער עסן דאָ. אין בײַדל איז נאָך סומנער ווי דאָ. עס ציטערן די לײַוונטן און עס וואַרפט אָן אַ שרעק.

**שונמית:** נו, גוט, קינדער. זעצט זיך, וועל איך אײַך פרישן ברויט צום עסן געבן.

(זעצן זיך. וויל צעברעכן אַ ברויטל, — קומט אַריין דער נשרף)

**נשרף:** ראַטעוועט אַ מענטשן פון טויט! שוין דרײַ טעג און דרײַ נעכט אין מויל נישט געהאַט. אַ שרפה איז אויסגעבראָכן אין מײַן דאָרף אינמיטן דער נאַכט, ווען אַלע זײַנען געשלאָפן. דער שטורעם האָט דעם פײַער איבערן גאַנצן דאָרף צעיאָגט. אַלץ איז פאַרברענט געוואָרן. איך איינער בין פון דעם פײַער מיטן לעבן אַרויס. דרײַ טעג און דרײַ נעכט לויף איך אַרום פון פײַער געיאָגט, פון שרעק געטראָגן און אָן אַ ביסן ברויט.

**שונמית** (גיט אים אַ ברויטל): נאַ, נעם און עס און דער־האַלט דײַן נשמה.

(נשרף אָפּ)

אַ דאַנק זײַן ליבן נאָמען, וואָס האָט מיר ברויט געשענקט און נאָך אַ מצווה דערצו, אַ מענטשן בײַם לעבן צו דערהאַלטן באַשערט.

(וויל צעברעכן דאָס צווייטע ברויטל, רייסט זיך אַריין דער נגזל)

**נגזל:** ראַטעוועט אַ מענטשן פון טויט! איך בין אַ רײַכער מאַן געווען. שאָף און רינדער אין סטעפּ געפּיטערט, אין רײַכע געצעלטן מיט ווײַב און קינדער געוואוינט. פלוצלונג זײַנען בעדואינער אָנגעפלויגן אויף זייערע פערד מיט בויגן געשפּאַנטע אין די הענט. די יונגען מיט ווײַב און קינד געטויט, די שאָף און רינדער צוגענומען און מיט זיי אין ווײַטן, ברייטן סטעפּ פאַר־שוואונדן. איך איינער האָב זיך פון צווישן די טויטע אַ לעבעדיקער אויפגעהויבן און בלאָנדזשע אַרום שוין דרײַ טעג און דרײַ נעכט אָן אַ ביסן ברויט. דערלאַנג, האָב רחמנות, אַ ביסן צום מויל, אַ נישט פאַל איך אַ טויטער צו דײַנע פיס.

(שונמית גיט אַוועק דאָס צווייטע ברויטל. נגזל אָפּ)

**תמר:** מאַמע, דו האָסט דאָך ביידע ברויטלעך אָפּגעגעבן, וואָס וועלן מיר איצט עסן?

**שונמית:** זאָרגט אײַך נישט, קינדער, עס איז דאָ נאָך אַ ברויט. אַ דאַנק און לויב זײַן ליבן נאָמען פֿאַר דער צווייטער מצווה, וואָס ער האָט מיר באַשערט. זעצט זיך, קינדער, לאָמיר פּראָווען אונדזער מאָלצײַט.

(זי וויל צעברעכן דאָס דריטע ברויטל, צעשפּילט זיך דער ווינט מיט דונערן און בליצן און עס רייסן זיך אַריין די ווינט־מיידלעך מיט אַ ווילדן טאַנץ. שונמית בלייבט שטיין מיטן ברויטל אין האַנט אַ צעטומלטע. די קינדער צעשראָקן. דער טאַנץ גייט אָן. איינע פֿון די טאַנץ פֿיגורן באַשטייט אין דעם, וואָס די מיידלעך רינגלען אַרום שונמית, רייסן אַרויס ביי איר דאָס ברויטל און שליידערן עס אין ים אַריין. ענדיקן דעם טאַנץ שטילער און פֿאַרשווינדן. פּויזע. שונמית קומט צו זיך)

**שונמית:** וואָס איז עס אַזוינס געוועזן? אַ ווּיסטער חלום?

**תמר:** מאַמע, דאָס זײַנען די ווינט־מיידלעך. פֿריער האָבן זיי דאָ געזונגען. דאָס זײַנען די זעלביקע מיידלעך. איך האָב מורא, מאַמע.

**שונמית:**

(מיט אַ מאָל, ווי זי וואָלט פֿאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פֿאָר)

וואָס האָט גאָט פֿון מיר געוואָלט? וואָס האָט גאָט מיט מיר, דער אַלמנה, געטאָן? איין ברויטל האָט ער צוגענומען פֿאַר אַן אַנטלאָפֿענעם פֿון פֿײַער, — רעכט. זאָל זײַן געלויבט זײַן נאָמען. דאָס צווייטע פֿאַר אַ געראַטעוועטן פֿון טויט, — אויך געלויבט זײַן ליבער נאָמען. ער האָט געגעבן, ער האָט גענומען פֿאַר אַ בילכערן פֿון מיר. אָבער — דאָס דריטע ברויטל! אַרויס־צורײַסן מיטן ווינט בײַ אַן אַלמנה פֿון מויל און שלײַדערן אין ים אַרײַן, — דאָס איז מיר אומעגלעך צו פֿאַרשטיין. ניין, דאָס האָט דער ווינט אַליין מיט זײַן אייגענעם ווילן, אָן גאָטס וויסן געטאָן. אַנדערש קאָן עס ניט זײַן און איך וועל עס דעם ווינט ניט שענ־קען. איך וועל דעם ווינט פֿאַרקלאָגן.

(פֿאַרטראַכט זיך)

אָבער פֿאַר וועמען? פֿאַר וועמען זאָל איך דעם ווינט פֿאַרקלאָגן? יאָ, איך ווייס פֿאַר וועמען! איך ווייס! פֿאַרן מלך שלמה, פֿאַר אים וועל איך דעם ווינט פֿאַרקלאָגן. פֿאַר אים וועל איך האָבן אַ דין תורה מיטן ווינט. קיין ירושלים וועל איך גיין. קומט, קינדער!...

(פֿאָרהאַנג)

# דאָס צווייטע בילד

(ביי שלמה המלך אין פּאַלאַץ. שלמה אויפן קרוין שטול. אַרום — זקנים, כהנים. אויף די טרעפּ ליגט דער לץ און קוקט אויף שלמהן)

**ערשטער זקן:** יאָ, קיניג, מיר האָבן אויך געהערט די טרויעריקע נייַס. דער שטורעם בושעוועט אָן רחמנות שוין אַ גאַנץ לאַנגע צייַט.

**צווייטער זקן:** מע דערציילט, אַז דערפער גאַנצע, פישער־דערפער זייַנען חרוב געוואָרן. די אייַנוואוינער קומען אום, — די מענער מיט זייערע פישער־שיפן זייַנען צוריק פון ים ניט געקומען און די ווייַבער מיט די קינדער גייען אוים פון הונגער.

**שלמה:** האָט מען שלוחים אַהין געשיקט, קאַראַוואַנען מיט ברויט פון מייַנע שפּייַכלערס פאַר די הונגעריקע?

**ערשטער זקן:** ניין, גרויסער קיניג, מיר האָבן עס אָן דייַן באַפעל ניט געוואָלט טאָן.

**שלמה:** פון וועמען האָט איר די ידיעות באַקומען?

**צווייטער זקן:** אַ ייד אַ רייַכער פון יענער געגנט איז דאָ געוועזן. הונדערט זעק מיט ווייצן מעל האָט ער פאַר דייַנע שפּייַכלערס געבראַכט. ער האָט אונדז די טרויעריקע ידיעות איבערגעגעבן.

**ערשטער זקן:** ווער ווייסט וואָס איצט קומט דאָרט פאָר? די ווינטן בלאָזן נאָך אַלץ שטאַרק איבערן ים.

**לץ** (זיפצט): אַ־כאַ־כאַ־כאַ . . .

**שלמה:** וואָס ביסטו אַזוי טרויעריק, מייַן לץ? דו פאַרגעסט דייַנע פליכטן. אַ לץ טאָר ניט זייַן פאַרזאָרגט. ער דאַרף אַלע מאָל זייַן אויפגעלייגט און פריילעך און טאָן דאָס, צו וואָס ער איז באַרופן: לוסטיק מאַכן זייַן האַר. דער וואָס טוט זייַן פליכט ניט, דער איז אַ פוילענצער!

**לץ:** אל תוכח לץ פּן ישנאך, — האָסטו אַליין געזאָגט, מייַן האַר. זאָג ניט קיין מוסר קיין לץ, וואָרים ער וועט דיך פייַנט האָבן. ביסט אין גרוים געפאַר, מייַן קיניג! כאַ כאַ כאַ . . .

**שלמה:** ווי אַזוי זאָל איך דיך ניט שטראָפן, לץ איינער, אַז דו שווייַגסט אַ גאַנצע נאַכט גלייַך דו וואָלסט שטום געוואָרן. קיין איינציק וואָרט הערט מען נישט פון דיר.

**לץ:** חושך שפתיו משכיל, — האָסטו אַליין געזאָגט, מייַן האַר. שווייַגן איז קלוג, הייסט עס. נו, וויל איך זייַן אַ קלוגער . . . אַז קיין קיניג קאָן איך ניט זייַן, טאָ לאָמיך כאָטש זייַן אַ חכם.

שלמה: דו ביסט געוואָרן צו חוצפּהדיק, מײַן לץ. זע דו זאָלסט אָנשטאָט לאַכן נישט דאַרפֿן װײנען.

לץ: עת לבכות ועת לשחוק, — האָסטו אַלײן געזאָגט, מײַן האַר, און דײַן װאָרט איז בײַ מיר הײליק. אַגב, פֿאַר אַ לץ איז װײנען ניט קײן נײַס, — ער װײנט אַ מאָל מעת־לעתן־װײַז... אָבער איצטער װעל איך דאָס ניט טאָן... (ער זינגט)

נומ. 2

זיץ זיך קיניג אױבן אָן
אױף דײַן גאָלד־באַפּוצטן טראָן
מיט דעם גאָלדן רוט אין האַנט,
באַזאָרג מיט גליק דײַן פֿאָלק און לאַנד...
דעם לץ געהערט די גאַנצע ערד!
זײַן טרער, זײַן לאַכן איז זײַן שװערד.
באַפּוצט דעם קאָפּ מיט נאַריש מיץ
שפּילט ער אָפּט זיך מיט אַ װיץ.

עס טוט דער לץ זיך װאָס ער װיל.
ער װײנט גאַנץ אָפֿט אױך אין דער שטיל...
אָבער... פֿליכט איז פֿליכט, מײַן גרױסער האַר,
פֿאַרן קלוגן, פֿאַרן נאַר,
דאָס איז פֿאַר יעדן אַ געזעץ,
דאַרף עס װיסן אױך דער לץ...
הײ, טענצער פֿלינקע, קומט אַהער
מיט אײַער לוסטיקן געװער!

לאָזט אין טאַנץ זיך פֿלינק און שלאַנק
און אָט איז אײַך מײַן ערשטער דאַנק...

(ער קוליעט זיך צום טיר. עס קומען אַרײַן די טענצער און זינגער. זינגען)

נומ. 3

**שלום, שלום, שלום...**

**שלום. שלום. שלום.**

אונדזער קלוגן, גוטן קיניג,
שלום.
אונדזער בארימהארציק פירער —
שלום.

מיר קומען זינגען פארן קיניג,
געבן אים א ברכה.
מיר קומען טאנצן פארן מושל,
ווינטשן אים הצלחה.

אונדזער קלוגן, גוטן קיניג
שלום.
אונדזער בארימהארציק פירער —
שלום.

זאל דיין קיניגרייך זיך שטארקן
פארן גליק פון יידן,
זאל אין דיין מלוכה הערשן
שלום נאר און פרידן.

אונדזער קלוגן, גוטן קיניג
שלום.
אונדזער בארימהארציק פירער —
שלום.

שלום. שלום. שלום.

(ענדיקן זינגען און הויבן אן א טאנץ. צום סוף פונעם טאנץ דער־
הערט זיך א קלאפ אין טיר)

**שלמה:**

ווער קלאפט עס דא
אין אזא שפעטער שעה?
זעט ווער איז עס דארט!
(לץ קוליעט זיך צום טיר. עפנט)

**וועכטער** (פארנויגט זיך): גרויסער קיניג! א פרוי, אן על־
טערע, איז פון ווייטן לאנד געקומען מיט קינדער צוויי. אויס־
געמאטערט זעט זי אויס. זי וויל דיך תיכף זען.

**שלמה**: פון ווײַטן לאַנד? לאָזט זי אַרײַן.

(די טענצער בלײַבן שטײן אָן אַ זײַט. דער לץ — אויף די טרעפּ. שונמית אַרײַן. פאַרנויגט זיך טיף)

**שלמה**: פון וואַנען קומסטו, פרוי, און וואָס האָט דיך געבראַכט אַהער?

**שונמית**: איך קום פון ווײַטן לאַנד, מײַן האַר. און געבראַכט האָט מיך אַהער די גרויסע נויט...

**שלמה**: קומסט פון לאַנד, וואו די שטורעם ווינטן בלאָזן בייז?

**שונמית**: יאָ, מײַן האַר, פון דאָרטן קום איך זוכן דאָ גערעכטיקייט.

**שלמה**: וועגן וואָס האַנדלט זיך עס?

**שונמית**: אדוני המלך, אַ דין תורה האָב איך.

**שלמה**: מיט וועמען? איך זע דו קומסט אַליין.

**שונמית**: מיטן ווינט.

**שלמה**: מיטן ווינט?

**לץ**: ווי נאָך אַ מבול! ניטאָ קיין מענטשן דאָרטן מער
האָט מען ווינט געבראַכט אַהער... כאַ כאַ כאַ...

**שלמה**: דערצייל וואָס דו פאַרלאַנגסט פון דעם ווינט, פאַר וואָס דו קלאָגסט אים אָן.

**שונמית**: איך בין אַן אַלמנה. שונמית איז מײַן נאָמען. און וואוינען וואוין איך אין אַ פישער־דאָרף בײַם ברעג פון ים. איך שפּײַז זיך און מײַנע צוויי קינדער פון פאַריכטן נעצן פאַר די פישער. איז געקומען אַ צײַט פון שטורעם ווינטן. קיין שיפל גייט נישט אַרויס אין ים אַרײַן, די וואָס זײַנען פריער אַוועק — האָבן זיך ניט צוריקגעקערט. קיין נעץ ווערט ניט פאַרשפּרייט. בין איך געבליבן אָן אַ שטיקל ברויט.

**ערשטער זקן**:

(בעט שלמהעס דערלויבעניש. ער באַקומט דאָס רעכט צו רעדן)
האָבן דען שכנים געלאָזט הונגערן אַן אָרימע אלמנה?

**שונמית**: איך בין ניט געגאַנגען אין די פישער־הײַזלעך בעטן ברויט, — עס פעלט אומעטום.

**צווייטער זקן**: און ווענדן זיך ווײַטער פון דאָרף?

**שונמית**: איך האָב זיך געווענדט. עס איז פאַרבײַ אונדזער פישער־דערפל דורכגעפאָרן אַ רײַכער ייִד. גאָט אים געבענטשט מיט אַלדאָס גוטס, האָב איך זיך געווענדט צו אים. האָט דער ייִד מיר געגעבן רשות צונויפקלײַבן דעם מעל־שטויב פון די ברעטער פון זײַנע וועגענער, אויף וועלכע ער האָט געפירט ווייצן־

מעל קײן ירושלים. האָב איך עס צונױפֿגענומען, אַ פֿײַער געמאַכט און אױסגעבאַקן דרײַ ברױטלעך, מיט װאָס די קינדער צו דער־נערן. פּלוצלונג קומט אַרײַן אַ נשרף און בעט אַ ביסן ברױט, װײַל שױן דרײַ טעג און דרײַ נעכט װי ער האָט קײן ביסן צום מױל ניט גענומען, לױפֿנדיק פֿון פֿײַער. האָב איך אים אַװעקגע־געבן אַ ברױטל. גלײַך נאָך אים רײַסט זיך אַרײַן אַ גזלן און פֿאַלט צו צו מײַנע פֿיס איך זאָל אים ראַטעװען מיט אַ שטיקל ברױט, — שױן טעג און נעכט אַז ער לױפֿט פֿון רױבער. אַלץ האָט ער פֿאַרלאָרן: װײַב און קינד, האָב און גוטס, קױם זיך געראַטעװעט פֿון טױט און איצט פֿאַלט ער פֿון הונגער. האָב איך אים דאָס צװײטע ברױטל אַװעקגעגעבן. װי נאָר איך האָב געװאָלט צעברעכן דאָס דריטע ברױטל, האָט זיך אַ װינט אַרײַנ־געריסן, דאָס ברױטל פֿון האַנט אַרױסגעריסן און אין ים אַרײַנ־געשלײַדערט.

װאָס האָט גאָט פֿון מיר, דער אלמנה, געװאָלט? מילא, די ערשטע צװײ ברױטלעך האָט ער צוגענומען פֿאַר בילכע־רע פֿון מיר — געלױבט זאָל זײַן זײַן ליבער נאָמען. אָבער מיטן װינט אַרױסרײַסן בײַ מיר פֿון מױל און שלײַדערן אין װיסטן ים אַרײַן, — דאָס קאָן איך ניט פֿאַרשטײן. איז מיר אײַנגעפֿאַלן, אַז דאָס האָט דער װינט אַלײן, אָן גאָטס דעה געטאָן. װיל איך עס דעם װינט, דעם גזלן, ניט שענקען. אדוני המלך, משפּט צװישן מיר און דעם װינט.

**שלמה:** גוט. איך זע אָבער, אַז דו און דײַנע קינדער זײַט הונגעריק און מיד. דײַן פּנים איז דײַן עדות. זעצט זיך װאו אַװעק װעט מען אײַך געבן ברױט און װײַן, װעט איר זיך דער־פֿרישן און דערנאָך װעלן מיר האָבן דעם דין תורה.

(װעכטער באַזאָרגט שונמית. שלמה פֿאַרטראַכט. זקנים שמועסן שטיל. מיט אַ מאָל — אַ קלאַפּ אין טיר. שלמה װײַזט מע זאָל עפֿענען. עס קומען אַרײַן דרײַ ישמעאלים און פֿאַרנײַגן זיך טיף)

**שלמה:** װער זײַט איר, פֿרעמדע מענער? װאָס טראָגט איר אױף אײַערע אַקסלען און װאָס איז אײַער פֿאַרלאַנג?

**1־טער:** ישמעאלים, צירונג הענדלער זײַנען מיר. מיר האַנד־לען מיט צירונג, כלים טײַערע און בשׂמים. זײַנען מיר איבערן ים געפֿאָרן. זײַנען שטאַרקע װינטן אָנגעקומען און האָבן אונדז געשלײַדערט װאָל אַרױף, װאָל אַראָפּ.

**2־טער:** האָט אײנמאָל אַ פֿאַרנאַכט אָנגעהױבן דאָס שיפֿל צו נעצן. געלעכערט איז עס געװאָרן און מיט װאָס פֿאַרשטאָפּן

איז ניטאָ. שרייַען מיר — הערט קיינער ניט, דער ווינט צעטראָגט אונדזערע קולות אין דער נאַכט אַריַין. דאָס שיפל נעצט און הויבט אָן צו זינקען.

**3־טער:** שרייַען מיר צו אונדזער גאָט — הערט ער נישט. רופן מיר צו אַנדערע געטער — קיינער ענטפערט ניט. האָבן מיר אָנגעהויבן רופן צום גאָט פון ישראל און אַ נדר האָבן מיר געטאָן: דאָס גאַנצע פאַרמעגן וואָס מיר האָבן געלייזט גיבן מיר אַוועק פאַר אונדזערע נפשות, נאָר ער זאָל אונדז ראַטעווען. אין דער רגע האָט זיך אַ שטאַרק געטאָן דער ווינט און עפּעס אַריַינגע־שליַידערט אין שיפל אַריַין מיט אַ געוואַלדיקן כוח, פונקט אין לאָך אַריַין און האָט עס פאַרשטאָפּט. באַלד האָט זיך געשטילט דער ווינט און מיר זיַינען בשלום געקומען אַהער.

**1־טער:** האָבן מיר נאָכגעפרעגט, וואו מיר קאָנען געפינען דעם יִידישן גאָט כדי אונדזער נדר מקיַים זיַין, האָט מען אונדז געענטפערט, אַז דעם גאָט פון ישראל זעט מען ניט און מע האָט אונדז געהייסן גיין צו דיר, גרויסער קיניג, פרעגן אַן עצה, ווי אַזוי אונדזער נדר מקיַים צו זיַין.

(זיי פאַרנויגן זיך)

**שלמה:** ווי לאַנג צוריק האָט עס געטראָפן? און צי האָט איר ניט באַמערקט מיט וואָס איז אייַער שיפל פאַרשטאָפּט געוואָרן?

**1־טער:** געטראָפן האָט עס, גרויסער קיניג, ניט לאַנג צוריק, ווען די גרויסע שטורעם־ווינטן האָבן געבלאָזן און פאַרוויסט אַלע פישער־דערפער. און אָט איז דאָס, מיט וואָס די לאָך אין אונדזער שיף איז פאַרשטאָפּט געוואָרן. מיר האָבן עס באַהאַלטן. דאָס איז אַ קליַין ברויטל, אַ וויַיך, ניט אויסגעבאַקן ברויטל.

(ער גיט דאָס ברויטל צו שלמהן)

**שלמה:**

(באַטראַכט דאָס ברויט און רופט צו מיטן רוט שונמית)

שונמית, אַלמנה פון פישער־דאָרף, דערקען, איז עס ניט אַמאָל דיַין ברויטל?

(שונמית קומט צו. אַלע קוקן זיך איבער)

**שונמית** (קוקט אָן דאָס ברויטל): מיַין ברויטל?! יאָ, אדוני המלך, דאָס איז מיַין ברויטל...

**שלמה** (צו די זקנים): מיינט איר ניט, אַז דאָס ברויטל גע־הערט טאַקע צו דער אַלמנה און אַז דער נדר פון די ישמעאלים דאַרף אויסגעפירט ווערן פאַר איר טובה וועגן?

**ערשטער זקן:** גרויסער קיניג! דו ביסט גערעכט און דײַן משפּט איז גערעכט.

**שלמה** (צו די ישמעאלים): די דרײַ זעקלעך גאָלד און זילבער גיט אָפּ דער אַלמנה. דערמיט וועט איר באַפרײַט ווערן פון אײַער נדר.

(די ישמעאלים טוען עס, פאַרנויגן זיך און גייען אַוועק)

שונמית! נעם דאָס גאָלד מיטן זילבער. עס איז דײַנס. עס קומט דיר פאַר דײַן דריטן און לעצטן ברויטל. און געדענק, אַז אויך דער ווינט טוט קיין בייז ניט, אַלץ גייט מיט אַ סדר. גיי אַהיים און דערנער דײַנע קינדער און פאַרגעס ניט די אַנדערע, הונגעריקע, וואָס האָבן פון שטורעם געליטן. גיי לשלום.

(שונמית פאַרנויגט זיך. אָפּ)

**ליד:**

(באַגלייט שונמית. צו שלמהן)

האָסט באַזאָרגט שוין די אַלמנה, —
גיב דעם נאַר אויך אַ מתנה...

(שלמה שטויסט אים מיטן גאָלדן רוט)

כאַ כאַ כאַ, מיט אַ נאַר איז אַ צער
ער לאָזט ניט אָפּרוען דעם האַר...
נו, טענצער, זינגער! טאַנצט און לאַכט
און ווינטשט דעם האַר אַ גוטע נאַכט!

(געזאַנג. דאָס ליד „שלום.״ שלוס טאַנץ.)

(פאַרהאַנג)

**באַמערקונג:**

די דעקאָראַציע אין ערשטן בילד דאַרף זיין טונקל גרוי, מיט טונקל בלויע פלעקן. די קאָסטיומען גראָב גרויע. די ווינט־מיידלעך טראָגן לייכטע, העל בלויע טוניקעס.

אין צווייטן בילד — אַלץ בונט, אָריענטאַליש, — די דעקאָראַציע און די קאָסטיומען. די מוזיק ווערט אויסגעקליבן דורכן רעזשיסער; אין ערשטן בילד, פאַר דאָס ליד פון די ווינט־מיידלעך דאַרף די מוזיק דערמאָנען ווינט. אין צווייטן בילד — כסדר אָריענטאַלישע מוזיק.

(אָריענטאַל: רובינשטיין, רימסקי־קאָרסאַקאָוו, איפּאָליטאָוו־איוואַנאָוו)


trer zain la - chn iz zain shverd ba-

putzt zain kop mit na - rish mitz

shpilt er oft zich mit a vitz

cha cha cha

oi mi a vitz

And. (sarkastish)

2

zitzt zich Ke - nig oi - bn on

oif zain gold ba - putz - tn tron

mit dem gol - dn rut in hant ba -

zorg mit glik dain folk un land dem

letz ge - hert di gan - tze erd zain


vin — tn zai — nen di ba-her sher
bein hash-mo-shes in di ble-ter


fun der gan-tzer velt
soi-den zei far-tracht


miz - roch mai - riv do- rim tzo - fn
un zei fai - fn in di Kol mens


pa- latz in ge- tzelt
in a harbs tik nacht

